# דֶער רוֹצֵחַ
# אוּן דִיא רוֹצַחְטֶע

## אֵיינֶע וַואהרֶע גֶעשִׁיכְטֶע

### אַ פַארְפַאסוּנְג

פון

## פְרוּמֶה דְרֵייזִין



בזיטאמיר
געדרוקט בייא ה' י. מ. באקשט
בשנת תרלו לפ"ק

ДЕРЪ РОЦЕАХЪ УНДЪ ДИ РОЦЕАХТЕ
т. е. Убiица повѣсть.
соч. Фрумы Дрейзинъ.

ЖИТОМИРЪ
печатано въ тип. и. Бакста.
1875

צווישן די חברתעס פון מיין קינדרשאפט האב איך בעזאנדערס ליב גיהאט איין יונג מיידיל, וועגין וועלכער איך האב גיטראכט מיט דעם גרעסטין פאר גניגין. זיא האט גיהייסין חנה גאלדשיין דער פאטער איהרער איז גיוועזין זייער א קלוגער מענש, נאר וויל ער איז גיוועזין זייער א גוטער האט ער זיך יעדערין פאר טרויט און יעדערן האט ער דער קענט פאר דעם גרעסטין ערליכען מאן זיין ערליכקייט האט איהם אן גימאכט, אז ער איז גיווארען א גרויסער ארימאן, איצטער האט ער זיך דער וויסט אז ניט יעדערן קען מען זיך פאר טרויען, ווארום קייענער האט איהם ניט גיוואלט קיין טובה טוהן מען האט גאר אויס גיוואכט זיין שטוב מיט זיין פאמיליע — אווארא האבין גימוזט זיינע קרובים איהם א גוויסע סומע גיבין אלע חודש כדי ער זאל האבין פון וואנען צו לעבין, אבער נאך זיין טויט האבין זיין אלמנה מיט דרייא טעכטער גימוזט אסך ליידין; די קרובים הספקה געלט איז גיוועזין גינוג גרויס ניט צו שטארבין פאר הונגער נאר די סומע אליין איז גיוועזין פארט קליין, קוים אויס צו קומען מיט דער חיונה און לעבין בדוחק:

די דאזיגע חנה איז גיוועזין א מונטערע, א פריילעך מיידיל; אז זיא איז עלטער גיווארין האט זיא זיך גינומען אבזוכין א מיטיל כדי אויס צו העלפין און צו פאר גרינגערן דער מאמעס און דער שוועסטערס נויט, פון רעקאמענדאציס פון גוטע פריינד האט זיא באקומען איינע שטעלע פון א גיבערנאנטקע, זיא האט בעזונדערס גיוואלט באקומען א שטעלע אין באלטאגראד, וויא זיא האט גיהאט קרובים· צום גליק האט זיא עס טאקע באקומען· דאס אלעס האט זיא מיר דער ציילט — איך האב מיך זייער דער פרייט, אז, בשעת מיר האבין זיך גזעגינט, האט זיא מיר אין גאנצין דער ציילט פון איהר קינפטיגער פאלאזשעניע.

די דאזיגע פאמיליע וויהין זיא איז אן גיקומען, איז באשטאנען ערשטינס פון א מאמען, א רייכער אלמנה אין באלאטאגראד, וואס זיא האט גיהאט צוויי דער וואקסענע זין און דריי איינגערע קינדער, פון צעהן, אכט און זעקס יאר, זיי צו דער ציהען האט מען פאר טרויט מיין טייערער חנן וויא אזוי עס איז גיוועזין די ערשטע

צייט

צייט האט זיא גישריבן דער מוטער אז עס איז איהר דארט גוט אין
וואל אונ אין דיא איבריקע בריעף אויך אזוי, אנדערע איז ניט גיוועזן
איהר צו מקנא זיין, ווארום וויא אזוי איז איין גפירט ביא אונזערע
אידין אין באלאטאגראד, אז מען דער זעט א מיידיל אן א טאטין אין
אן א מאמען דארף מען זיא פריער בארעדין, נאך דעם לאזין צו צו
איהר שאלטעקעס אין באלידיקין זייא — אין נאך דעם בארעדין זייא
נאך אליין, אגב תאפט זיך נאך אריין א שדכן אונ וויל זיא זארעס
פארקנסן מיט איין אלמן פון אכט קינדער, וואס איז אליין א שמש אונ
א קליין שילכין, וואס פאר דינט מיט א מאל ביי א גוטער צייט דרייא
גילדין א וואך אין נאך אנדערע גליקין — אזוי וויא חנה איז גיוועזן דער
צווייגין איינפאך ביא דיא עלטערן האט זיא גיוואנליך ניט גיוואוסט פון
מאדעס, צו מען דארף האבין א שיניאן, צו א קלייד מיט שלאערעס,
צו מיט א שלעפע, צו מיט פאלבין, צו מען דארף האבין גלענצינדיקע
אוירינגליך, צו מען דארף נארפין דיא אויגין אויף א יונגין מאן עס
מעג זיין אפילו אין חסידישען גראד איך מיין עס מעג זיין אפילו איין
חסידיש מיידיל אויף א חניאק, היינט אז דיא באלאטעגראדער
מיידעלאך האבין דער זעהען וויא אזוי פראסט זיא איז ביי זיך, וויא
אזוי פראסט זיא גייט גיקליידעט, וויא אזוי זיא האט צו זיך קיין
חברתם ניט — וויא אזוי זיא איז אבגישייט, אבגיזונדערט פון יעדער
פון זייא — האבין זייא איהר אהן גיהייבין איהר צו באריידין, צו
באשילדערן א גאנצין צעטיל, זייא האבין גאר ניט גיזשאליעוועט. —

פון זייערע רייד האט מיר חנה אמאל גישריבין, אזא גישפרעך,
צווישן א גאנצי שטאדע מיידליך — שבת נאכין קוגיל ביז סאמע
פאר נאכט אז דער עולם דער יודעשער הייבט זיך אן צו באוועגן איבר די
גאסען אין אוים מעסטין יעדערן מיט דיא אויגין · וואס יענער זאגט
אין וויא אזוי יענער גייט, הערט נאר זייער גישפרעך וועט איהר
אויך לאכען:

שרה וויים בערגס · זעה נאר (צו איטע דעם פארבערס) וויא אזוי
דיא נייע לעדערקע, דאס מיידיל, וואס גיפינט זיך ביי יענטען
דער אלמנה, וויא אזוי זיא גייט — ביא אונז א שיקסע אום זונטיג טוט
זיך אן שענער, דיא האר אן א שיניאן, עפעס א צוצין קליידיל אן
מאדעס, וואס פאר א פיסקעוואטער שניידער האט דאס גינייט ·

איטע

איטע דעם פארבערס, וויים איך א שניידער האט דאס גינייט, וועלכר
פארטעטש א שניידער קען אזוי נייען, וועט אזא האלבע מלאכה
ארוים לאזין פון האנד זיא האט גימוזט גנבנען בייא דער גבירתה
עטליכע שמאטעס ציץ, אט זעהסט דוא אפילו אז עס א ביסיל באצויגין
דאס קליידיל מיט אפגיבארעטין סאמעט, אוואדע מעג זיא זיך איבער
נעהמען, אז מען רעט איהר הערש דורם בעהעלפער און זיא פארייסט
נאך דיא נאז, מען זאל געבין אזא חתן יאבגע טרייגעס דעם
דובעליערס וואלט זיא עס צו גינומען וויא צוקערלעקאך, אזא שיינער
יונגער מאן און ער וויל זיך נאך אריין לאזין אין אזא פאסקוטסטווע
שפייט אוים.

שרה ווייסבערגס: גיי דוא ביסט א נאר, דוא האסט קיין שכל ניט,
דוא שפילסט זיך אין דער אמתן מיט דעם דובעליערס טאכטער,
דוא מיינסט זיא האט ניט קיין נדן, אז זיא דארף געמען אזא באלוואן
דעם בעהעלפער דער טאטע איהרער איז א גניד; ער האט צווייא
הייזער, היינט האט ער געלט אסך, ער קען טאן א שדוך מיט
מיליאנין אליין, גישקאשע, אז מען וועט דארפין קען ער געבין היפשע
עטליכע מאות קערבלאך.

איטע דעם פארבערס. דוא מיינסט חאטש אפילו מיילאך איז א חזיר
פון דעסט וועגין וועט ער מיט דעם דובעליער ניט טון, ער
ווייסט וויא אזוי עס קומט צו איהם אזוי פיל געלט, קארג האט
גיקאכט מיט איהם אין שטאט, אז ער האט בדלות גישטעלט א אלמנה,
אז ער האט בייא איהר צו גינומען א סך, גאלד און זילבער און
ברילאנטין איין גיוויקילט אין א קעסטיל און נאך דעם האט ער
גיזאגט אז ער האט ניט גינומען, דוא האסט א גרויסין טעות מיילאך
איז טאקע אליין א גראבער יונג אבער קיין גנב איז ער ניט.

שרה ווייסבערג ווערט אין כעס: זיא איז א קרובה דעם דובעליערס
אז דוא פיסקעוואטע שיקסע, איך וועל דיר דיינע צעפ אוים
רייסין דוא מיינסט אין דער אמתן אז מען האט פאר געסין אז מיט
צווייא חדשים צוריק האט מען דיך גיזעהען גיין אין וואלד מיט בעריל
מעכאניקס זון — און וויא אזוי איהר האט ביידע גגעסין צוקערקעס אין
גים — און וויא אזוי דיין מאמע האט דיך גריסין בייא דיא צעפ און
האט דיך גישלעפט איבער דער גאנצער גאס און האט גישריגין,

ווארט

װאַרט אויס איך װעל דיר שוין מיט א טרעגער חתונה מאכען — מיר האבין עס ניט פאר געסין גישקאשע.

איטע דעם פארבערם — שא, נאר — אין: דער טעליגראפיסט, פע נאך
א ערל א גוי נאך לויפין, פע, דוא ביסט דאך שוין פשוט א ק׳.
(זייא צו פאטשען זיך ביידע אפין גאס, רייסין זיך ביידע ביי די האר, װארפען זיך ביידע אנידער אין װיא עס דאכף צו זיין קלויבין זיך צו נויף אסך אידין אין קוקין װיא אזוי צװייא מיידלעך שלאגין זיך, זייא צוא נעמען זייא ניט, װארום מען טאר דאך ניט קוקין אויף איין אשה בייא טאג... דער װייל איז צו גנאנגען אונזער חנה אונ צו נעמט זייא אונ רעט זייא איין זייא זאלין א װעק גיין — זיי שטעלין איהר אויס א צונג אין דיא חברה שאלטעקעס שרייען אורא —
חנה גייט אװעק מיט בושה אהיים, זיא האט מיר אויך גישריבין װיא
אזוי מען קוקט אין באלאטיגראד אויף דער מאדע, איין אנדער פיסקעװאטע מיידיל אדער א װייביל, װאס דער טאטע אדער דער מאן האבין ניט קיין גראשין — װיא אזוי גייען אבער דיא נקבות ארויס — מיט א טייער קלייד מיט א הארב פון הונטין מיט זאנטיקלעך מיט מאנקעטלעך — אונ מען גייט אונ מען שפאצירט. —

װייטער האט מיר חנה גישריבין װיא אזוי מען האט זיך בעגאנגן מיט
איהר אין דער אלמנות שטוב — אז זיא איז גיקומן צו פארין האט מען זיא צו גינומען זייער שיין בעװאנדערס דער עלטערע זון חיים, א שיינער בלאנדין — אין זייער א גוטער בטבע — נאר אין עטליכע װאכין ארום האט זיך גימאכט אזא גישיכטע, װאס פארלויפט זיך אין ערגעץ ניט — דיא האר פון מיין קאפ האבין זיך מיר אויף גישטעלט, איך קען נאך עד היום מיט קיין אויג ניט צו טון אויף דער נאכט אזא איינדרוק האט גימאכט אויף מיר דיא גישיכטע.

הערט נאר אויס אין באלאטאגראד האט גילעבט א שוסטער א גאנץ
ערליכר מאן, ער האט גיהאט א קראנק װייב װאס האט שען פינף יאר גיקריינקט, אויך האט ער גיהאט פינף קינדערליך, איין עלטער מיידיל פון א יאר פופצין, אין דיא איבריגע קליינע קינדערליך אזו װיא דאס װייב זיינס האט אסך ניקריינקט איז אז זיא איז גישטארבן האט דער מאן זייער װייניג באדויערט, װארום זיא האט אים מיט איר

קראנקייט

קראנקייט אסך אויס גיבראכט , ווארום ער איז גיווארין א ביטעריר ארימאן נאך איהר טויט —

אזו וויא דאס עלטערע מיידיל האט שען גיקענט דינען פאר א בעל הביתטע אין שטוב אין זיין א גאנצע פאר דיא קינדער — האט זיך גיוואנליך דער שוסטער ווייטער אזו וויא פריער אן גיהייבין צו פרידין לעבין — אין מיט דער גרעסטער הארעוואני האט ער גיארבעט אום צו דער ציהען זיינע קליינע קינדער אין א ערליכין שטיקיל ברויט צו פארדינען , — נאר קיין גוטס , קיין נחת קען מען ניט האבין אז מען זיצט אין באלאטאגראד , אז ד"א שכנים האבין זיך דער וויסט , אז פאר זייא איז שען אן גיגרייט א אלמן — האט זיך דיא טיר ניט גיקענט צו מאכין פון זייא .

זייא האבען שען אן גיהייבין איהם פארשטעלין גרויסע גליקין — אז זייא רעדין איהם א מיידיל , וואס זיא וועט זיין א מאמע פאר זיינע קינדער , אי ער האט דאך אליין א דער וואקסין מיידיל נאר דעם מיידיל דארף מען דאך אויך א חתן געבין , אזו זוכט מען אפ איין באלאטעגראד ברויט אין מיט אזא שווינדיל לעבט מען זיך אויס אין מען דערנערט זיך — מילא וואס זאלין מיר דא אסך ריידין , דער דאזיגער אלמן איז איבערגייס א חתן גיווארין אין האט מיט מזל אין צווייא וואכין ארום חתונה גיהאט — צום גליק האט זיך עס גימאכט , אז דאס נייאי ווייביל איז גיוועזן א שטילע , א ארינטליכע , דיא קינדער האבען זיא פראווערע ניט גיקענט אן קוקין , נאר וואס האט זיא גיקענט טון זיא ווייסט בייא זיך אז זיא איז א שטיף מאמע , אין א שטיף מאמע דארף מען שעלטין אין זידלין אין דאס וויים זיא אויך אז א שטיף מאמע דארף זיין א שלעכטע א שלאק אבער ניט לאנג איז זיא גיוועזן א שטיף מאמע , ווארום אז מען זאגט אז עס ניט באשערט איז ניט באווערט — דער דאזיגער שוסטער האט זיך זארעס נאך דער חתונה זיינער ציגיקילט אין נאך פסח איז ער גיגאנגין א גאנג אויף אזא אופן זענין געבליך גיבליבין דיא קינדער קאילעכיקע יתומים אן א טאטין אין אן א מאמען , דיא יתומים זענין גיפאלין אין גאנצין אויף דיא קרובים , דעם קלענערין א אינגיל פון א יאר האט צו גינומען צוא זיך א גיוועזענער שוואגער — ער איז א אלטער מאן פון קינדער נאר יודין זענין דאך בני רחמנים , א עלטערין פון א יאר זיבן האט צוא גינומען דעם אלטינס א זין א מיידיל פון א יאר פונף האט צוא גינומען א אלטע באקאנטע זייער מאמעס .

אזון

א זון פון א יאר דרייצין האט מען אטפראוועט אין א שטעטיל אוך ציא א קרוב, אין דאס עלטיר מיידיל איז גיבליבן אליין אזו וויא בוימיל אפין וואסער, אט אזו זענין זייא צוא זייט אין צוא שפרייט גיווארין אין איינער פון דעם אנדערין האבין ניט גיוויסט אזו וויא דיא מאדע איז ביי אונזערי יודין אז שדכנים האבין דער זעהן אז דאס עלטיר מיידיל (זיא האט גיהייסין גיטיל) איז גיבליבן צי קרוגלע יתומה האבין זייא זיא גישטעלט צום צעטיל אלי טאג פלעגט מען קרובין צוא דעם גיוועזענעם פעטיר (וואס ביי אים האט זיך אוף גיהאלטן דאס מינדסטע קינד) אזו וויא ער איז גיוועזן דיא יתומים א פעקין אז ער זאל א שידוך טון מיט דער עלטערער יתומה זיא איז אבער אליין קיין נאר ניט גיוועזן זיא האט בשום אופן ניט גיוואלט פאר בינדין זיך זיא האט נאר גיוואלט דאס ערשטי יאר זיצין א מיידיל, כדי צוא באקלאגין דעם טאטינס אין דער מאמעס טויט ,

נאר קען מען זיך ארויס קאראטשקען אז מען איז פאר בינדין מיט א שטריק דיא הענט אין דיא פים, אזו קען מען זיך ארויס קאראטשקען פון באלאטעגראדער שדכנים , בפרט אז א יונגער מאן א גיוויסער שטינשניידער איז נאך גילאפין נאך דעם מיידיל אין האט ניט גיזשאליעוועט קיין געלט אין קיין טריין דיא שדכנים אבי מען זאל אים אוים שדכין דיא דאזיגע יתומה א גאנץ האלב יאר האט ער גימיטשעט דעם אלטין אפעקין אין נאך גילאפין נאך דעם מיידיל נאר ער האט דער וויל גאר ניט גינאכט. ווארום דעם אלטענס איידים האט זיא ארין גינימן צוא זיך אין זיא האט פאר געסין אוף א צייט אירע צרות נאר אהינצי קענין אויך דיא באלאטעגראדע שדכנים קומען אין מען האט אזו ווייט גידרייט מיט דעם מיידיל ביז וואנין זיא איז גיווארין א כלה דעם שטינשניידערס חאטשע מען האט באמערקט, אז גיטיל האט אים פיינט גיהאט נאר וואס קען מען טון זיא האט תמיד גיהאט דעם ראסטשאט אז זיא האט ניט וויא צוא זיין טאמער וועט איר בעסער זיין מיט דעם מאן נאר דער מענש דיינקט אונ גאט ליינקט .

זארעם נאך פסח האט מען זיא מיט מזל חתונה גימאכט אין זיא האט זיך אטפראוועט צום מאנס עלטערין וויא עס שיינט אז דא האט זיך גידארפט אונזער גישיכטע קאנטשען נאר ווארט אוים נאך ניט אזו גיך , דאס רעכטע טרויעריקס אין יאמערדיקס הייבט זיך ערשט דא אן

א—

אין עטליכע וואכין ארום האט מען באמערקט אוף א גיטילס פנים אז זיא קריינקט מען האט זיך גיפרעגט ביי איר אין זיא האט ניט גיוואלט זאגין ערשט שפעטער האט מען זיך דער וויסט אזא מעשה . דער דאזיגער טיטינשניידערס א בייזער א אומגילומפעטער דער צוא נאך א גרויסער גראבער יונג , האט גיהאט איין ארייננאנג אט צוא דער אלמנה וויא מיין חברתה האט זיך אוף גיהאלטין ער פלעגט בריינגען דעם עלטערן זין חיימען טוטין , וואס ער פלעגט אן גנבינין פון דער פאבריקע אזו וויא ער פלעגט זיין שטענדיק איין איינגייער אין דער שטוב האט ער זיך צוא גילאזט צוא חנן אין האט זיא שטארק ליבן גיקריגען (האטש דיא גיטיל איז גיוועזן זייער א שיין ווייביל) מיט איין ווארט אזוי וויא ער האט נאך דער חתונה אנגיהייבין סטאטקעווען אין פון באגיין זיך מיט דעם ווייב אזו האט ער איצטער אין דיא ווייגשיינקין פאר בראכט דיא צייט ער האט אנגיהייבן שטארק ארין צוא גיין צוא דער אלמנה אין שטוב אין האט זיך אנגיהייבין גוט וואלאטשען נאך מיין חנן אזוי וויא חנה איז זייער בטבע א גוטע אין א ארענטליכע האט זיא גירעט מיט אים תמיד פריינדליך אין פלעגט זיך ביי אים אויס פרעגין ווער זענין זייני עלטערין צוא האט ער א ווייב ער האט גיענטפערט אז ער קומט ארויס זייער פון פייני עלטערן אין ער איז נאך א בחור זייני עלטערן זייני זענין גרויסי יחסנים נאר אזוי וויא זייא זענין ארים גיווארין האט ער זיך אליין גינומן צו טיטינשניידעריי כדי צוא האבין דאס לעבענס מיטיל ווייטער רעט מען אים זייער שיינע שדוכים נאר ער וויל זייא קיינים ניט קענין פאר וואס פלעגט ער קיין מאל ניט וועלין זאגין מען קען זיך שען פאר שטעלין וויא אזו ביטער אין פינסטער דעם ווייביל גיטיל עס איז גיוועזן ער האט איר אנגיהייבין א ביסיל צוא קלאפען ער פלעגט קומען תמיד טויט שכור פון ווייגשיינק אין פלעגט זיא תמיד שעלטין מיט ביטערי פאסקודנע קללות אזו וויא זיא האט שען ארויס גיזעהן איר ביטער מזל פלעגט זיא תמיד אים נאך געבין אז דיא דאקטורים פלעגין אן זאגין אז זיא טאר ניט זיין צוא זאמען מיט דעם מאן פלעגט ער זיא נאך מער פייניגין אין טון צום טויט אזו אז זיא האט אמאל אין מיטין ווונטער נאכט אנטלאפין גיווארין אין איין העמד צום אפעקין אירען מען דארף באמערקען אז דער טיטינשניידער איז גיוועסין אין איין זייט שטאט אין דיא אלמנה מיט איר פאמיליע אין דער אנדער זייט שטאט .

נוא מיר אַוועק וואַרפען מיט זייא אין נ׳א מיר אָנהייבין דער ציילין פון דער אַלמָנעס זין „ פון דעם תַּיימען , דער דאָזיגער חַיִים האָט זייער שייני גישעפטין גיפירט , ער איז נאָך גיוועזן אַ בָּחוּר „ מען האָט אים גירעט זייער שייני שדוכים מיט אַסך געלט אין פון זייער שייני פאַמיליעס נאָר ער האָט ניט גיוואָלט קענין קיינעם , זינט מיין חנה איז אָנגיקומען צוא זייא אין שטוב האָט ער פאַר לאָזט דיא גישעפטין זייני אין האָט זיך אַזוי שטאַרק פאַר ליבט אין חנין אַז עס איז אים ניט איינגיפאַלין קיין עסין קיין שלאָפין קיין שום גישעפט פירין , ער האָט אַלס אַוועק גיוואָרפין אין האָט אָנגיהייבין זייער שטאַרק צוא לאָזין זיך צוא דער חנין חנה האָט אָבער ניט גיוואוסט , מחמת זיא איז גיוועזן זייער פראָסט זיא האָט גאָר ניט פאַר שטאַנין אַז דער חיים וואַלאַטשעט זיך נאָך איר אין דער טיטינשניידער דרייט זיך אויך אַרום איר נישט לאַנג האָט גידויערט אַז דער חיים האָט חנין דער מאַפט אין האָט איר דער ציילט זיין גאַנצע ליבע זיא האָט אים אָנגיקוקט וויא אַ משוגענעם זיא האָט אים גיזאָגט סטייטש איר פאַר געסט דעם חילוק צווישין מיר אין צווישין אייך איר זענט אַרייכער מענש איר קענט טון דעם גרעסטין שדוך מיט אַסך געלט אין איך בין נעביך אַ אָרום מיידיל קיין געלט האָב איך ניט איר קענט ניט גיין געגין דער וועלט עס איז אַזוי איינגיפירט אַז איך דאַרף מיך זוכין מיין גלייכין אין איר אייער גלייכן דיא דאָזיגע רייד האָט אָבער גאָר ניט גיהאָלפן וואָס האָט נעביך דאָס בידנע מיידיל גיקענט טון אַז ער פלעגט זיך טשעפען צוא איר יעדע מינוט האָט זיא אין גאַנצין דער ציילט זיין מוטער דער רייכער אַלמָנָה נאָר וואָס האָט דאָס גיהאָלפין אונזער חיים האָט דיא מוטער אויך ניט גיהערט אין האָט ניט גילאָזט רוען דער בידנע חנה אַלע ווייליע פלעגט ער שיקין צוא איר מענשין מען זאָל זיא איבערעדין אַז זיא זאָל חתונה האָבין פאַר אים זיא האָט אָבער בערעכינט אַז קיין גליקליך לעבין קען זיא ניט פירין פאַר אים נאָך דער חתונה וועט ער זיך אַרום קוקן וועט ער זיא פיינט קריגין דער צוא האָט זיא נאָר גיזוכט איר גלייכען אויסער דעם האָט זיא זיך דער וויסט אַז דער חיים האָט ערגעץ אַ קרוסטין אַ ליבאָווניצע וואָס ער האָט זיא אַלס אונ שילדיקעס קינד פאַר נאַרט פון דיא עלטערן אין האָט צוא גיזאָגט אַז ער וועט זיך טויפין אין חתונה האָבין מיט איר גיוויינליך נאָך אַזעלכע זאַכין האָט זיא אים ניט גיוואָלט אָנקוקן זיא האָט אים

אפילו ניט דער לאזט צוא זיך טעג אין וואכין זענין אוועק גיגאנגין אין ער האט ניט גיוואלט אפּ טרעטין פון איר.

האט זיך אמאל גימאכט א טאג אז ער איז ניט גיוועזן בייא איר האט זיא בייא זיך אפּ גימאכט אז זיא זאל זיך אטקאזשען פון איר שטעלע דריבער האט זיא אפּ גילייגט איר גישפּרעך מיט דער אלמנה אויף דער נאכט, דיא אלמנה אבער איז זייער צוא פרידין גיוועזן פון איר ווארום זיא האט זייער גיטריי גילערינט מיט אירע קינדער תאטשי אין באלאטאגראד האט א גיווערנאנטקע קיין ווערט ניט אזו וויא אין אויסגישטודירטער לעהרער האט בייא זייא קיין ווערט ניט ווארום זייא קוקין ניט אויף קענטעניס, זייא קוקען אבי מען גייט אן גיטוזן אין א קורצען סירדוט הייסט ער א לעהרער ער מעג פאר שטיין ניט מעהר פון א טויטען זייער ריכטיג האט א קאזיאנע לעהרער גיזאגט א מאל אוף באלאטיגראדער לייט אז זייא אליין דארפין זיך פריער צוא לערנען איידער זייא גיבען אפּ לערנען דיא קינדער עס קען זיך יאווען א מין זלידנע א מין קרעציקער א ווערמיקער אין פריוואט נאר זאגין אז ער קען אלץ אי רוסיש אי דייטש, אי פראנצויזיש אי לייטאינעש הייסט פאר שטייט ער אסך יודיש ער קען גמרא מיט תוספות אין מיט מהרש"א מיט מהר"ם אין קען תנ"ך גאר א אנטיק אזוי זאגט ער אין מען נעמט אים אוף פאר א ווילדע מציאה, ווארום ער איז דאך א ווילדער בריה ובפרט אז ער איז נאך א פרישער ווארום דיא באלאטעגראדער האבען נאר ליב פרישע לעבענדיקע סחורה אפרישין מלמד א פרישין לעהרער א פרישין רב א פרישין חזן אפילו א פרישין אינדיק אוף פסח זייא האבין נאר ליב פריש אי זייער וואסער מעג שטינקען דער פון ד' אמות, דאס עסין מעג זיין מיט ווערים דאס איז גישמאק נאך וויא אזו ווארום אמת פרישע עסין דארף דאך מיין געלט קאסטין א אמת גוטער לעהרער נעמט דאך א גרויסען מקח אין א לעהרעריל נעמט דאך א פערטיל דער פון אי דאס טוט מען אים אזו וויא דעם אלט געבאקענם מלמד אביסיל באצאלט מען אז עס שפּארט זייא שען דער ביסין פון האלז צוריק אין דאס איבעריקע זאגט מען צוא שפּעטער אין דער שפּעטער קען זיין אוף עולמית מילא וואס זאל איך דא אסך דער ציילין אז דעם גאנצין אמת ועלין זייא קיין מאל ניט וויסין אין זייא קענען ניט וויסין ווארום זייא זענין בהמות בצורת אדם דאס הייסט אוף צווייא פיס.

דיא אלמנה אזו וויא איך האב פריער גיזאגט האט זיא איינגירעט אז זיא זאל פאר בלייבען ביא איר אין שטוב אין זיא וועט גוט אן זאגין אז איהר זין חיים זאל זיך שען מער ניט טשעפען צוא איר דער צוא האט זיא איר גיהייסין אוים ווארטין ביז וואנין חיים וועט קומען, וועט זיא אים פאר איר אין דיא אויגין אויסשטראפין דער זייגער האט שען אבער נישלאגין צוועליף אין חיים איז נאך אלץ ניטא האט מען אבגילייגט דאס גישפרעך אויף מארגין עס זענין אבער אוועק גינאנגין היבשע עטליכע טעג אין חיים איז נאך אלץ ניטא מען האט אוים גיקערט דיא גאנצע שטאט מען האט אוועק גישיקט בריף אין דיא שטעט מיט וועלכע ער האט גיפירט מסחורים אז עס איז אין קול ואין עונה ערשט אין צוויא וואכין ארום פון דער צייט אן אז ער איז פאר פאלין גיווארין האט זיך גיאוועט צוא דער אלמנה א יונגע פרויענצימער א קריסטין אין האט גיהייסין דער אלמנה אז זיא זאל איר איינזעצין אין טורמע אן שום טענות נאר אזו וויא דיא אלמנה איז גיוועזען איבער ראשט האט זיא גיהייסין זיא זאל זיך בערוהיגין אין דער ציילין דיא אורזאכע וואס זיא פאר לאנגט פון איר אזא סטראנגע זאך דיא קריסטין האט גיבעטין דיא אלמנה אז זיא זאל ארויין רופען דיא גיוועזנאנטקע ווארום דיא מעשה וואס זיא וועט דער ציילין וועט איר אויך דארפין אינטערעסירין אונזער חנה האט זיך ניט גילאזט בעטין אין זייא האבין זיך אלע רוהיג אנידער גיזעצט אין דיא קרוכטין האט פאלגענדעס אנגיהייבין דער ציילין אייער זין צוא דער אלמנה האט מיך פארנארט פון מיין פאטערס הויז ער האט זיך פאר ליבט אין מיר ער האט מיר צוא גיזאגט אז ער וועט זיך טויפין אין וועט מיט מיר חתונה האבין אזו וויא איך האב אים אויך ליב גיהאט האב איך אים אין אלעם גיגלויבט איך בין אנטלאפין גיווארין פון מייני עלטערין איך האב מיך אים איבער גיגעבין אין ער פלעגט מיך נארין טאג אוף טאג תמיד פלעגט ער אפ לייגין אוף מארגין צוא באקענען זיך מיט אונזער אמונה אין אזו איז אוועק גינאנגין א גאנץ יאר ביז איך בין גילעגין גיווארין פון אים אין איך האב מיט פינף וואכין צוריק א קונד גיהאט אזו וויא איך האב גיזעהן אז ער האט מיך שטארק ליב האב איך אים שען ניט אזו באקוטשעט דיא לעצטע צייט אז ער זאל זיך טויפין איך בין גאר גיוועזען גליקליך מיט דעם וואס ער איז אלי טאג גיקומען צוא מיר אין האט מיר שון אויס גיהאלטין אזו וויא א מאן דארף אוים האלטין א ווייב נאר מיט אפאר

חדשים צוריק האָב איך עפּעס בעמערקט אַז מיין חיים האָט זיך גאָר
איבער גיבעטין ער האָט אָנגיהייבען זייער זעלטען צו קומען צו מיר
אין אַז ער פלעגט קומען פלעג ער תמיד זיין פאַר טראַכט אַזוי וויא
איך האָב ניט גיקענט וויסען בייא אים דעם אמת האָב איך שטאַרק
אָנגיהייבען סליעדעווען אין איך האָב מיך דער וואסט אַז ניט לאַנג פון
יענער צייט אָן איז צו איך אָן גיקומען אַ גיווערנאַנטקע וואָס אין איר
האָט זיך מיין חיים פאַר ליבט אין מיט איר האָט ער זיין צייט פאַר
בראַכט אין מיך האָט ער אָנגיהייבען אום מיידין אַזו וויא איך האָב
זיין קינד גיטראָגין נאָך דענסמאַל אונטערן האַרצין אין אַזו וויא איך
האָב אים שטאַרק ליב גיהאַט האָב איך גימוזט ליידען איך האָב מיך
שטאַרק אום גיוויינט אויף מייני יונגע יאָרען וואָס איך האָב פאַר לאָזט
מייני עלטערין אין וואָס איך האָב אַזא נאַרישין וועג אַריין
גיטרעטין נאָר וואָס האָב איך גיקענט העלפין אַז עס איז אָן גיקומען דיא
צייט פון מיין נידערקאַמען אין דעם אייגענעם טאָג פאַר נאַכט איז
אַריין גיקומען צו מיר אַ שוואַרץ חנפדיקר יונגער מאַן אַ יוד אין האָט
מיר דער ציילט אַז מיין חיים איז שטאַרק פאַר ליבט אין אייער
גיווערנאַנטקע אין ער וויל מיט איר חתונה האָבין אין האָט ווייטער
גיזאָגט אין גיבעטין אַז איך זאָל האַלטין חיימין שטאַרק אין דיא הענט
ווארום עס איז אַ רחמנות אויף מיר אין אויף מיין קינד אַגב האָט ער
דער ציילט אַז ער האָט דאָס מיידיל דיא גיווערנאַנטקע ליב אין זיא
האָט אים אויך ליב נאָר ער קען צו איר ניט קומען ווייל חיים פאַר
שטעלט אים תמיד דעם וועג אַמאָל האָט זיך גימאַכט איז גיקומען צו
מיר חיים זייער פאַר זאָרגט אין האָט זיך אַרום גיהאַפט מיט אַ וואָרט
אַז ער וואָלט גיוואָלט אַז איך זאָל מיך אומקערין צוריק צו מייני
עלטערן מיין אבידע וועט ער ניט פאַר לאַנגען אין לייגט מיר פאָר פאַר
מיין שאַנדע עטליכע הונדערט קערבליך איך האָב גישוויגין דער נאָך
האָב איך אים גיבעטין אַז ער זאָל קומען אין דרייא טעג אַרום נאָך
תשובה ער איז אַוועק גיגאַנגען אין איך האָב זאַרעס גישיקט אַ דיפּעש
נאָך מיין ברודער אַז ער זאָל זיך אָן נעמען פאַר מיין קריוודע אין
דרייא טעג אַרום איז גיקומען חיים מיין ברודער האָט זיך באַהאַלטין
אונטער דיא ווענטלעך חיים האָט מיר נאָך אַמאָל פאָרגילייגט דאָס
אייגענע וואָס ער האָט מיר גיזאָגט מיט דרייא טעג צוריק ער האָט מיר
אפילו נאָך אַ הונדערטער נאַבאַוועט העכסט אונטערעסירט אין גוט בייז

איז

איז אַרוים גילאָפן מיין ברודער פון אונטער דיא ווענטלעך (ער איז אַ וואַיענגער) האָט אַרוים גיכאַפּט פון הינטן זיין פּסטילעט אַזוי וויא דיא קריסטין ער האָט גיהאַלטן אין מיטן איז אַריין גיגאַנגען דער טויטנשניידער אַז זיא האָט אים דער זעהן האָט זיא אַ גישריא גיטון אַט דער יונגער מאַן איז עס וואָס האָט מיר דער ציילט אַז חיים האָט ליב דער גיוועהרנאַנטקע דיא אַלמנה העכסט אונטערעסירט מיט דעם צוא שטאַנד פון איר זון האָט גיבעטן דער קריסטין אַז זיא זאָל ווייטער דער ציילן זאָגט דיא קריסטין מיין ברודער איז גיוועזן גוט אין כעס דער פאַר וואָס אייער חיים האָט מיר אומגליקליך גימאַכט האָט ער אַרוים גיחאַפּט זיין פּיסטאָליעט אין האָט דער שאָסן אויף אַ טויט מיין טייערן חיימען, (דיא קריסטין האָט מיט דיא הענט פאַר דעקט דאָס פּנים אונ גיוויינט) דיא אַלמנה האָט מער ניט אַ גישריא גיטון מיין חיים איז טויט מיין חיים איז דער הרגת גיוואָרן זיא איז אַראָפּ גיפאַלן פון שטול אונ איז זאַרעם אין חלשות גיפאַלן.

נוא לאָמיר אַוועק וואַרפן אויף אַ ווילע מיט זייא אונ מיר דער קאָנטשען דיא מעשה מיט גיטלען אונ מיטן טויטנשניידער אַז דער דאָזיגער גראָבער יונג האָט גיזעהן אַז דאָס ווייב זייני קריינקט אין עס קאָסט אים געלט דאָקטורים מיט רעצעפּטען אין דער צו האָט ער זיך נאָך שטאַרק פאַרליאַפּעט אין אונזער אונשילדיקער חנה וואָס האָט ניט גיוואוסט אַז ער האָט אַ ווייב האָט ער זיך אין גאַנצן פאַר טרויט פאַר זיין מאַמען אַז עס איז אים זייער ביטער (ער איז אַ בן יחיד ביא זיין מאַמען) אין ער וואָלט וועלין פּטור ווערין פון דעם ווייב וואָרום זיא שטייט אים שוין גוט אין גאַרגיל האָט זיא אים גיטרייסט אונ האָט אים צוא גיזאָגט אַז זיא וועט אים זעהן ווא ווייט מיגליך איז אים העלפין נאָר דיא צייט איז ביא אים גיוועזן זייער לאַנג ער האָט ניט גירוט ער האָט ניט גיוואוסט צוא וואָס ער זאָל זיך נעמען וויא אַזוי ער זאָל פּאַסטיפּאַיען ענדליך אַז ער האָט חנן פאַרגישטעלט גליקין אַז זיין מאַמין איז דיא אָבסטאַיעטעלסטוועס פּאַפּראַיועט זיך אַז ער פאַרלאַנגט ביא איר קיין נדן ניט אַבי נאָר זיא זאָל חתונה האָבין מיט אים האָט זיא אים צוא גיזאָגט אַז אין דרייא טעג אַרום זאָגין תשובה דער וויל האָט זיא גיטראַכט זיא וועט זיך גוט נאָך פרעגין וואָס ער איז פאַר אַ מענטש צוא קען ער פאַר דינען אַ שטיקל ברויט צוא איז ער איין

עֶרְלִיכֶער מַאן וִיא וֶועט שְׁרַייבְּן צוּא אִיר מַאמֶען. זִיא הָאט גִידַאנְקְט זִיא וֶועט זִיךְ שׁוֹן פְּרֶעגִין צוּא זָאל זִיא טוּן דֶעם שִׁידוּךְ אִין אוֹיב יוֹא לָאז זִיא קוּמֶען אוֹיף דֶעם קַנאסְמָאל אוּנְזֶער טִיטִינְשְׁנַיידֶער הָאט אָבֶּער זַייעֶר מוֹרָא גִיהַאט אַז אִין דֶער צַייט וֶועט זִיךְ חַנָּה דֶער ווִיסִין אַז עֶר הָאט אַ ווַייבּ אִיז עֶר זַארֶעם אַוֶועק גִיגַאנְגֶען אַהֵיים אִין הָאט פָּשׁוּט גִיוָואלְט מִיט זַיין גִיטְלֶען רֵיידִין אַז זִיא זָאל בַּייא אִים גֶט נֶעמֶען זִיא הָאט אָבֶּער גִיעֶנְפֶּערְט אַז דִיא לֶעצְטֶע צַייט הָאט זִיא זִיךְ פַאפְּרַאוֶועט אִין פַאר הָאפְּט אַז אִין פַּארְלוֹף פוּן עֶטְלִיכֶע וָואכִין וֶועט זִיא וֶוערִין אִין גַאנְצִין גִיזוּנְד דֶענְסְט מָאל וֶועט זִיא זִיךְ מְיַשֵּׁב זַיין צוּא זָאל זִיא גֶט נֶעמֶען צוּא נִיט דֶער טִיטִינְשְׁנַיידֶער אִיז גִיוָוארִין גוּט אִין כַּעַס אִיז צוּא גִילָאפִין צוּא אִיר הָאט זִיא אַוָוארְף גִיטוּן אוֹיף דֶעם בֶּעט הָאט זִיא גִיכַאפְּט פַאר דֶעם גָארְגִיל אִין הָאט זִיא אִין אֵיין אוֹיגִינְבְּלִיק דֶער שְׁטִיקְט דִיא מַעֲשֶׂה אִיז צוּא גִיגַאנְגֶען שְׁטִיל אוֹיף דֶער נַאכְט קֵיינֶער הָאט נִיט גִיוְוּסְט אוֹיף מָארְגִין הָאט דֶער דָאקְטֶער אָבְּזַאוֶועט אַז דָאס וַוייבִּיל אִיז גִישְׁטָארְבִּין מַחֲמַת דֶעם ווַייל עֶס הָאט גִילָאפְּנֶעט אַ–נָ אָדֶער אִיז זִיא זַארֶעם גִישְׁטָארְבִּין עֶס פַאר שְׁטֵייט זִיךְ אַז חַנָּה הָאט זִיךְ דֶער ווּסְט פוּן דֶעם טִיטִינְשְׁנַיידֶערְם. עֶסְק הָאט זִיא אִים אוֹפְּגִיוַוייכְט דֶער צוּא אִיז זִיא בַּאלְד אַוֶועק גִיפָארֶען צוּא אִיר מוּטֶער אַהֵיים. וָוארוּם דִיא אַלְמָנָה אִיז קְרַאנְק גִיוָוארִין פַאר צָרוֹת אִין אִיז גִישְׁטָארְבִּין אוֹיף דֶעם דְרִיטִין טָאג נָאךְ דֶעם אַז דִיא קְרִיסְטִין הָאט אִיר דֶער צֵיילְט אַז אִיר זוּן אִיז טוֹיט אַ פָּנִים אִין בַּאלַאטָאגְרַאד מַאכִין זִיךְ אַנְיינֶע מַעֲשִׂיוֹת אָפְּט וָואס מֶען מַאכְט פוּן זֵייא קֵיין וֶועזֶען וָוארוּם מֶען הָאט מוֹרָא פַאר דֶער פָּאלִיצַייע אָבֶּער ווִיא פִיל פַאסְט דָאס גֶעלְט, . . :

# ענדע